


נאך „עטליכע ווארטער

# וועגען ציוניזמוס

עטליכע ערנסטע ווארטער

פאר דעם המון העם

פון נחמן האבערמאן

ווארשא

שנת תרס"ב לפ"ק

## אין דער בוכהאנדלונג

פון י. ל. מארגענשטערן, ווארשא, פראנציסקאנער № 26

בעקומט מען אללער האנד ספרים אלטע אונ נייע, אויף לשון הקדש אונ אויף עברי טייטש: חומשים, עשרים וארבעה, תנ"ך סדורים, מחזורים, כלה-סדורים (סבלונות) מיט פערשיעדענע איבער-זעצונגען: יודיש, רוסיש, פאלניש, דייטש אונ אין פערשיעדענע פראכט-באנדער; ש"ס'ין (גמרות), משניות, עין יעקב, שאלות ותשובות, פוסקים ראשונים אונ אחרונים, דרוש-ספרים, מוסר-ספרים אונ מפורשים אויף תנ"ך אונ ש"ס; אללע סארטען העברע-אישע ביכער, זשארגאנישע ביכער, טהעאטער-שטיקע, ליעדער, נאטען צו פערשיעדענע יודישע טהעאטער-שטיקע אונ ליעדער צו שפיעלען אויף פיעדעל אונ פיאנא, נאטען פון סקארבאווע נגונים, נאטען פאר מארשעליקעס ובדחנים, פרעהליכע גראם ביכלעך אונ וויטצען-ביכלעך פאר בדחנים אונ מארשעליקעס; אוטשעבניקעס (לעהר-ביכער) וואס מען בענוטצט אין אללע יודישע חדרים אונ שקאלעס; מעטאדעס פאר דיא וואס ווילען זיך אלליין לערנען אהן די הילף פון א לעהרער פערשיעדענע לשונות: לשון הקדש, רוסיש, פאלניש, דייטש, פראנצאזיש, ענגליש אונ שפאניש, קאליגראפישע העפטען אליין זיך אויסצולערנען אהן די הילף פון א לעהרער שאן שרייבען אלערליי שפראכען; פערשיעדענע בילדער, שאנפעציערטע מזרח'ס אונ אהל-בילדער פון פערשיעדענע יודישע גרויסע לייט צו'ם אויסציערען א יודישע שטוב; שאן פערפוצטע יאהרצייטען מען זאלל נישט פארגעסען דעם יאהרצייט-טאג פון עלטערן אונ בעקאנטע; פערשיעדענע תפלות אונ אזהרות אויף צו האנגען אין א בית הכנסת; תפלין, בתים, פרשיות, רצועות אונ שיידלעך צו תפלין; מזוזות, שיידלעך צו מזוזות, מגלות געשריבען אויף פארמעט, גידין צו צונייהען תפלין אונ ספרי תורות; טליתים פערשיעדענע סארטען וואללענע אונ זיידענע, טליתים קטנים באוועלנע אונ וואללענע; ציצית, כפול-שמנה ציצית, ארץ ישראל ציצית; גארטלען קאמגארענע אונ זיידענע, קאפלען פראסטע, סאמעטענע אונ זיידענע, טלית זאקלעך אונ תפלין ביימעלעך, מענטעלעך צו ספרי תורות, פרוכת'ן, עטרות צו טליתים אונ צו קיטלען, שפאניעס צו קינדער קאפלען, שופרות, הבדלות אונ נאך א סך זאכען וועלכע געהערען שייך צום מסחר פון ספרים. מען קאנן אויך ביי מיר אבאנירען פערשידענע צייטונגען אונ זשורנאלען לויט רעדאקציאן פרייז.




נאך „עטליכע ווערטער

# וועגען ציוניזמוס

עטליכע ערנסטע ווערטער פאר דעם המון העם

פון נחמן האבערמאן •



ווארשא

דרוק א. בוימריטטער דזיקע 44

שנת תרס"ב לפ"ק

## א.

„דאס יודישע פאלק איז א אויסנאהם פון אנדערע פאלקער אין אללע ענינים", אזוי זאגט די וועלט; אפילו יודען, צווישען זיך אליין, בענוטצען אויך מאנכעס מאל די דאזיגע ווארטער. ווענן למשל צוויי יודען האבען צווישען זיך עפעס, הן ביי מסחר, הן אזוי א שטארקען פלפול אין דער וועלט אריין ווי פאליטיק וכדומה, אונ געוועהנליך קאנען זיי צווישען זיך ניט אויסגלייכען, דענן וואו איז פארהאן צוויי יודען מיט איין גלייכע דעה? אז איין יוד זאגט גלייך — ענטווערט דער אנדערער קרום, גוט — שלעכט, טאקי אזוי — דווקא ניט אזוי א. ז. וו., ווענן עס טרעפט אזא דיספוט איז דאס ערשטע ווארט זייערס: „געה טענה מיט א יודען! א יוד איז בעשטענדיג א אויסנאהם"...

דאס איז זייער פראקטיש אונ ריכטיג געזאגט. מיר זעהען דאס ארוים כמעט אין אלע פאכען, אין אללע ענינים וואס געהערען זיך אן מיט אונז יודען זעהען מיר דאס מיר יודען זענען א אויס־נאהם פון אללע אנדערע, נור מיינסטען־טהיילס קאנען מיר ארויס־זעהן די ריכטיגקייט פון די ווארטער ביי די יעצטיגע צייט מיט דאס „צ י ו נ י ז מ ו ס".

ביי אנדערע פאלקער פיהרט זיך, ווענן עס קומט אן אויף דעם פאלק א צרה, שונאים הויבען אן זיי צו פערפאלגען, ערוועקט זיך באלד צווישען זייגע גרויסע מאננער (וואס געוועהנטליך געפינט זיך צווישען יעדען פאלק) וועלכע אינטערעסירען זיך שטארק מיט די לאגע פון זייער פאלק, א געדאנק וועלכער זאל ארויסשלעפען דאס גאנצע פאלק פון זיין קריטישע לאגע, אונ געוועהנטליך נעמען זיך פון קליין ביז גרויס, ארעם אונ רייך, גע־בילדעט אונ אומגעבילדעט, אללע אין איינעם צו פערווירקליכען דיזע אידעע אונ ארויסצופיהרען איהר מכח אל הפועל. יודען אבער, וועלכע זענען אין א סך זאכען א אויסנאהמע פון אנדערע, זענען מיט דעם אויך ניט גלייך צו אנדערע; ביי יודען דארפען א סך יאהרען איבערגעהן איידער עס ערוועקט זיך א פיצעלע געדאנק וועלכער זאל אין א סך יאהרען ארום געבען עפעס הילף. אונ אז גאטט האט שוין געהאלפע, אז נאכדעם ווי עס האט שוין געדויערט א סך יאהרען אונ עס האט זיך ערוועקט א געדאנק

צווישען עטליכע געצאהלטע יודען, אונזער געמיינע לאגע צו פער־בעססערן טאקי אויף ווייטער אויך, ווי כדומה דאס „ציוניזמוס" וואס דער צוועק־דערפון איז: „צוא פערבעססערן דיא יודישע געגענווארטיגע לאגע אונ אויך צו פערזארגען אונז מיט עפעס א גוטען מעמד אויף ווייטער אויך", וואלטען זיך איינגענטליך געבארפט נעמען אללע אין איינעם, ברידערליך, אראפוואַרפען דעם יודישען שטאלץ, ניט קוקען אויף קיין יחוס אונ נאך־זאכען מיט וועלכע איינינגע פון אונז שטאלצירען געגען זייערע ברידער. עס זאל ווערען פון אלע געדאנקען איין געדאנק אונ ווי ווייט מעגליך מען קאנן נור זאלל מען זיך פלייסען אויסצופיהרען דיזען גרויסארטיגען געדאנק... סטייטש! יאהרען לאנג זענען מיר אין גלות, אומעדום האט מען קיין רוה ניט, אומעדום ליידט מען בזיונות, צרות, רדיפות אונ בלבולים, אונ צום סוף אז עס געפינט זיך עטליכע מענשען וואס וויללען אונזער לאגע פערבעססערן, ארויסשלעפען אונזער פאלק פון דעם שלעכ־טען שטאנד אונ אונז פערזארגען אויף ווייטער אויך... זיי וויללען נור אז דאס יודישע פאלק זאל זיי אויך אביסעל אונטערהעלפען... דוכט זיך ווי אזוי העלפט מען דאס ניט אונטער?

יודען זענען אבער א אויסנאהמע...

די ציוניסטען זענען זעהר איבערראשט געוואָרען דערזעהענ־דיג אונ דערהערענדיג אז זייערע גענגער שטאמען ארויס פון אונזערע אייגענע ברידער, דאס פייערינגע התנגדות קומט ארויס פון יודען אליין, אונזערע איינענע ברידער פאללען נאר אן אויף זיי...

אבוואהל די ציוניסטען האבען זיך צוגעגרייט צו א מלחמה, אונ טאקי צו א גרויסע מלחמה, אבער זיי האבען זיך צוגעגרייט צו א מלחמה מיט די שווערע מניעות וועלכע ליגען אין וועג יעדען נייען געדאנק בעת ער הויבט זיך אן ארויסצווייזען אויף די פרייע וועלט; אויך מיט די אנטיסעמיטען, יודאפאבען, וועלכע ווייסען מעהר ניט ווי צו פערפאלגען אלעם וואס פון דעם קאנן ארויסקומען א שטיקעלע טובה פאר די יודען, אונ ווער שמועסט נאך אזא מין געדאנק ווי דאס „ציוניזמוס" וואס פון דעם קאנן די יודען ארויסקומען טאקי א גרויסע טובה, וועללען די אנטיסעמיטען געוויס ארויס־לויפען ווי די הינד צו פערפאלגען דעם געדאנק אונ איהם צו פערניכטען..

ווי ערשׂראקקען אָבער אונ איבערראַשׁט זענען געוואָרען די ציוניסטען, ווען זיי האָבען זיך אומגעקוקט אונ דערזעהן אַז דער מעהרסטער טהייל פון זייערע געגנערם זענען מאַקי פון אונז יודען... אונ די אַנטי־ציוניסטען שטאַמען מאַקי פון יודישען פָאלק! אייגענע ברידער זענען זייערע מתנגדים, יודען אליין פאלען אָן אויף די ציוניסטען וועלכע זענען פאראַן אין יודישע שטאָדט אונ שטעטליך, אונ נאָך, וואָס פאר אַ מין אָנפאַללען! מאַקי אויף דעם נידעריגסטען אופן... מיט זידלעריי, בלבולים אונ מסירות אַז עס איז אַ שרעקק צו הערען... אונ פון וועלכע די ציוניסטען זענען מאַקי כמעט אָבהענגיג געוואָרען... ווען ניט וואָס די אמת'ע ציוניסטען זענען געוואָרען נור דורך די ליעבע וואָס זיי האָבען צו זייערע ברידער אונ דערזעהענדיג דעם נויטה פון זייער אָרעם פָאלק מאָמערן זיי זיך מיט זייער גאַנצער קראַפט אונ ענערגיע זייערע ברידער צוא העלפען... ווען נישט דאָס אַללעס, ווער ווייסט וואָס פון דעם געדאַנק וואָלט שוין געוואָרען...

אונזער פָאלק איז קראַנק! אַ קראַנקער אַז ער ליגט אין אַ היץ־קראַנקהייט האָט ער קיין שום בעגריף ניט אונ ווייסט ניט צו אין די מיטלען וואָס מען גיבט איהם ליגט זיין רפואה, פאר־קעהרט, ער גיסט נאָך אוים דעם רעצעפט וואָס מען דערלאַנגט איהם... דאָס זעלבע ווייסען אויך אונזערע ציוניסטען, זיי ווייסען דעם חסרון אונ שלאפקייט פון אונזער פָאלק אונ זיי ווילען אונז טאַקי העלפען מיט אַללע מעגליכקייטען, קוקען זיי מאַקי ניט אויף קיין שום מניעה אונ מיט אַללע קראַפטען זעהען זיי איינצוהאַלטען זייער אידעע...

---

## ב.

מיט אַ סך יאָהרען צוריקק, אַז מען האָט געפרעגט דיא שאלה: „פאר וואָס זענען יודען אַ אויסנאהמע פון אַנדערע פעלקער מיט די פערבעסערונג פון זייער לאַגע, אונ אַז עס געפינט זיך צווישען יודען עטליכע געצאהלטע מענשען וועלכע נעמען די יודען'ס לאַגע אין קאָפּ אַריין אונ ווילען איהר פערבעססערן שטאַמען אַרוים פון יודען אַליין מתנגדים דערצו?" האָט מען געאַנטוואָרט: „ווייל יודען זענען בטבע אַ רוהיג פאלק, זיי בעגנוגען

זיך מיט דעם געגענוואַרט (ד. ה. ט״י) קיין האָגיג לעקען זיי נישט און ווילען גאר נישט טראַכטען אויף ווייטער; פאר זיי איז גענוג וועגן די שונאים שענקען איין מינוט רוה און מען טשעפּעט זיי ניט; קוים בעגליקט מען זיי מיט איין מינוט רוה נאך אַ סך יאהרען פון רדיפות, בזיונות און צרות זעגען זיי שוין באמאלם די גליקליכסטע אויף די גאנצע וועלט, זיי פארגעסען שוין די יסורים וואס זיי האבען נור וואס געהאט און ווילען זיך טאַקי ניט בעוואהרענען פאר דער באזער שעה אויף ווייטער וועלכע קאנן זיי אַלע מאל טרעפען און, בעהיטע גאטט, נאך ערגער"...

דער קלוגער נײַנצעהנטער יאהר-הונדערט אָבער האט אונז בעוויזען אַז די תשובה אויף די שאלה איז גאר אַ פאלשע...

דער קלוגער נײַנצעהנטער יאהר-הונדערט, וועלכער ריהמט זיך מיט זיין ציוויליזאַציאָן און מיט רחמנות, אַזוי אַז עס איז פאראַן געזעלשאַפטען וועלכע הייסען „חברת צער בעלי חיים", מען זאל ח״ו ניט מוטשען קיין לעבעדיגע בהמה אָדער חיה, ניט פּייניגען זיי, ניט אַרויפלייגען אויף זיי קיין שווערע משא; עס איז פאראַן וואַגאַר אַזעלכע געזעללשאַפטען וואס מען עססט קיין פליש ניט א. ד. ג. אַללעס וואס מען אינטערעסירט זיך שטאַרק אין צער פון בעלי חיים, פון לעבעדיגע בעשאַפעניש... און דא, אין דעם יודענס לאַגע איז אַזוי טרויריג, אַזוי ביטטער דאס עס איז אוממעגליך צו בעשרייבען; דאס יודישע פאלק בעטראַכט מען ניט אַפילו פאר קיין בעלי חיים, דעם יודענס לעבען בעטראַכט מען פאר אַ הפקר זאַך, מען האַלט זיי — אין רומעניען — פאר פאראַזיטען וועלכע בריינגען קיינע נוטצען ניט דעם לאַנד און דאַרום טרייבט מען זיי אַללע מאל מאַססענווייז, אַללע מאל שטעהען אויף, אויף דעם יודישען פאלק נייע שונאים, מען וואלט געוואָלט אללע שעה זיי אומברייגנען, מען לייגט אַרויף אויף דעם יודישען פאלק אַללע מאל נייע צרות און יסורים דאס עס איז אוממעגליך צו פערטראַגען, פון אַללע ערטער טרייבט מען זיי אַרויס, אין ערגעץ האבען זיי קיין רוה, עס איז נישט פאַרהאַן אויף די גאַנצע וועלט איין שטיקל אָרט וואו דאס פייער פון די אַנטיסעמיטען זאלל ניט ברענען... וואו אַ טויגעניכטס, וואו אַ נידעריגער מענש ווערדט אַ אַנטיסעמיט און איז זיך נוקם אין דעם פינסטערן נידער-געשלאגענעם יוד און קיינער פרעגט אים ניט: פאַר וואס? פאר ווען?...

## ג.

הַאִ וָואס אִיז דִי לַאגֶע פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק אֶרְגֶער פוּן אַללֶע פֶאלְקֶער? פַאר וָואס זָאלל אוּמגֶעאֶנְדֶערְט זַיין דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק מֶעהר פוּן אַללֶע פֶאלְקֶער?... דִי דָאזִיגֶע שַׁאֲלוֹת הָאבֶּען אָנגֶעהוֹיבֶּען צוּ פִּיקֶען אִין דִי מוֹחוֹת פוּן עֶטְלִיכֶע יוּדִישֶׁע גֶעלֶעהְרְטֶע; זַיי זֶענֶען שׁוֹין אַייךְ, לִיעבֶּע בְּרִידֶער, אִיבֶּערַאל בֶּעקַאנְט, זַיי זֶענֶען שׁוֹין פַארְהַאן אוּמֶעדוּם... דָאס זֶענֶען דִי צִ י וֹ נִ י סְ טֶ ע ן... בַּיי זַיי אִין קָאפּ הָאט זִיךְ עֶרְוֶועקְט דִי אוֹיבֶּענבֶּעשְׁרִיבֶּענֶע שַׁאֲלוֹת אוּנ אוֹיךְ פַאר וָואס בֶּעדוֹיעֶרְט דִי וֶועלְט אַיין אַנְדֶער גֶעדְרִיקְט פָאלְק אוּנ אוֹיף דֶעם יוּדִישֶׁען גֶעדְרִיקְטֶען פָאלְק הָאט גָאר קֵיינֶער קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט? מֶען בֶּעדוֹיעֶרְט זַיי אֲפִילוּ נִיט... פַאר וָואס הָאט מֶען בֶּעפְרַייעט דִי בּוּלְגַארֶען, דִי סֶערְבִּיֶער אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע סְלַאוְוַיאנִישֶׁע פֶאלְקֶער וֶועלכֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּנטֶערגֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶער טִירְקַיי אוּנ מֶען הָאט זַיי גֶעמַאכְט פַאר בֶּעזוּנְדֶערֶע מְלוּכוֹת? פַאר וָואס זֶענֶען בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען דִי אַמֶערִיקַאנֶער פוּן דִי עֶנְגְלֶאנְדֶער? אוּנ אִין דִי לַאגֶע פוּן דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק קוּקְט קֵיינֶער נִיט אַרַיין צוּ פֶערְבֶּעסֶערן אִיהר? אִין דַייטשְׁלַאנד אוּנ נָאךְ אַ סַךְ אַ זֶעלְכֶע אֶרְטֶער קוֹילֶעט מֶען גֶעבִּיךְ דִי אָרֶעמֶע יוּדֶען אִין דִי גַאסֶען, מֶען פַּיינִיגְט זַיי מִיט זַייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער, דִי רוּמֶענִישֶׁע יוּדֶען טְרַייבְּט מֶען גֶעבִּיךְ הוּנדֶערְטֶער וַוייז אַללֶע טָאג פוּן אַלְלֶע אֶרְטֶער, אַ סַךְ יוּדֶען וֶוערֶען גֶעהַרְגֶט, מֶען רוֹיבְּט אָפּ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן דִי רוּמֶענִישֶׁע יוּדֶען אִין מִיטֶען הֶעלְלֶען טָאג... עֶס פְלִיסְט דָארְט יוּדִישׁ בְּלוּט גַאנְצֶע טַייכֶען, אוּנ דָאס גֶעבִּילְדֶעטֶע, דָאס צִיוִוילִי־זִירְטֶע אֵייְרָאפַּא שְׁוַויינְגְט! פַאר וָואס אִיז דָאס? פַאר וָואס? אִין דִי לַאגֶע פוּן דִיא אוֹיבֶּענבֶּעשְׁרִיבֶּענֶע פֶאלְקֶער אִיז מֶען יָא אַרַיינגֶעגַאנ־גֶען מֶען זָאלל זַיי בֶּעפְרַייעֶן אוּנ אִין דֶעם יוּדֶענס בִּיטֶער טְרוֹיעֶרִי־גֶע לַאגֶע אִינטֶערֶעסִירט זִיךְ קֵיינֶער נִיט, אֲפִילוּ מִיט קֵיין וָוארט הֶעלְפְט מֶען זַיי אוֹיךְ נִיט אוּנְטֶער?...

דֶער תִּירוּץ אוֹיף דֶעם אִיז אָבֶּער גָאר אַיינְפַאךְ: דִי סְלַאוְוַיא־נִישֶׁע פֶאלְקֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַייעֶר עֶרְד, אִין זַייעֶר לַאנְד, זַיי הָאבֶּען גֶעהַאט זַייעֶר נַאצְיָאנַאל שְׁפְּרַאךְ; מִיר יוּדֶען אָבֶּער, וָועלְכֶען צוּזַייעט אוּנ צוּשְׁפְּרֵייט אוֹיף דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, קֵיין לַאנְד הָאבֶּען מִיר נִיט, אוּנְזֶער נַאצְיָאנַאל שְׁפְּרַאךְ הָאבֶּען מִיר פֶערלַאזְט

מיר האָבען אֲפִילוּ בַּיי זיך קיין נאַציאָנאַלען געפיהל אויך ניט . . . דארום האָבען מיר קיין ווערטה אויף די וועלט, דארום נעהמט זיך קיינער פיר אונז ניט אָן . . . דענן איבער וואס דאַרפען זיי זיך אָננעהמען פאַר דעם יודען, זיי האָבען קיין מורא אַז ווענן זיי וועללען קומען אין יודישען לאנד, בּיי די יודישע רעגיערונג, וועללען די יודען זיי פערפאָלגען . . . יודען האָבען קיין לאַנד, קיין רעגיערונג . . . פאַר דעם אַחדות וואָס עס איז פאַראַהאַן צווישען יודען, אַז איינער זאָל אונטערהעלפען דעם צווייטען — האָבען זיי אויך גאָר ווענינג מורא . . . דארום עפענט יעדער טויגעניכטס אַ מויל אויף דעם יודען און קיינער שרייט אויף איהם נישט אָן . . . קיינער פערשטאָפּט איהם ניט דאָס מויל.

אָט די דאָזיגע אַללע עדלע געפיהלע האָט געפיהלט דער ערשטער אָרגאַניזאַטאָר פון די ציוניסטען ד"ר תּ י א ו ד ו ר ה ע ר צ ע ל; ער מיט נאָך איינינע גרויסע מאַנער האָבען בעטראַכט — אַז האָבען אַ איינענע לאַנד, איז דער בעסטער פּלאַן פאַר דעם אָרימען יודען, דאָס איז פאַר איהם זיין לעצטע מיטטעל געהאָלפען צו ווערען פון זיין לאַגע.

ווען אַ שטייגער, אַ אַנדער פאָלק זאָל זיין צוזייעט און צו־שפּרייט איבער די גאַנצע וועלט אין גלות, ווי דאָס יודישע פאָלק און ליידען אַזעלכע צרות, בּלבּולים און רדיפות פון אַללע זייטען — און עס זאָללען זיך געפינען עטליכע געבילדעטע מאַנער פון זיי אַליין וועלכע זאָללען בעטראַכטען אַ מיטטעל צו אַללע צרות אַז מען זאלל אַליין זיך קאָלאָניזירען אַ לאַנד און ווערען אַ זעלבּסט־שטאַנדיג פאָלק — וועט זיי קיינער ניט איבערשלאָגען דעם וועג אויף וועלכען זיי וועלען געהן . . . נאָך מעהר, אַז דאָס איבער־ציהען זיך זאלל זיין ניט אויף קיין פרעמד לאַנד זאַנדערן אויף זיין איינען לאַנד נאָך וועלכען דאָס הערץ ציהט שוין אַהין האָבער אכטצעהן־הונדערט יאָהר, ——— דוכט מיר, אַז אַללע פון דעם פאָלק וואָלטען מיט אַמאָל זיך גענומען צו פערווירקליכען דעם דאָזיגען געדאַנק . . .

צו אונזער גרויסען בעדויערן אָבער, פיהרט זיך בּיי אונז יודען ניט אַזוי . . .; זעהר אַ גרויסע טהייל פון די יודען, הן רוסישע הן אויסלאַנדישע, שטעהען פון דער טייטשענס . . . פון די חסידישע קלאַססע וועלכע ווילען דעם נאָמען צ י ו נ י ז מ ו ס,

ציוניסטען, גאר ניט הערען, אנטלויפען פון דעם, ווי מען זאגט, וואו דער שווארצער פעפער וואקסט; ביי זיי זענען די ציוניסטען ווי די מיסיאנערען רחמנא ליצלן אויף אויסצוטויפען יודישע קינדער, פון די — האבען מיר גאר ניט וואס צו רעדען אבער די מיטעלע קלאסס, דער מיטעלער שטאנד, וועלכע ווייסט גוט ווי דער יודישער מסחר און די יודישע פרנסות זענען געשלאגען, זיי פיהלען ווי דער יוד איז נידריג ביי יעדען אין די אויגען... זיי וואלטען, דוכט זיך, דארפען יא פיהלען ווי נוטצליך עס איז פאר דעם יודען „קיין ציון", ווי דאס איז פאר זיי דער בעסטער מיטעל, זייער בעסטער הילף פון זייער קריטישע לאגע... זיי וואלטען, דוכט זיך, דארפען יא בעהילפיג זיין די ציוניסטען יעדער נאך זיין יכולת נאך... לסוף אבער — אויך זיי העלפען גאר ניט אונטער, אויך זיי שטעהען פון ווייטענס און קוקען גלייכגילטיג אויף זייערע ברידער וועלכע ארבייטען פאר זיי מיט אללע קרעפטען און מיט אללע מעגליכקייטען כדי זיי צו ברייננען צו א תכלית און צו פערזארגען זיי מיט א גוטען מעמד..

---

## ד.

און באמת איז א גרויסער וואונדער פאר וואס שטעהען זיי רבנים און די איבריגע כלי קדש פון אללע שטאדט און שטאדטליך פון דער ווייטענס פון דעם רעיון פון ציוניזמוס און וויללען ניט אונטערהעלפען פון דאנען אהין... מיר ווייסען אז די ערשטע אויפגאבע פון די ציוניסטען איז צו קאלאניזירען פאלעסטינא מיט א ערלויבניסס פון טירקישען סולטאן, כדי די קאלאניסטען וועלכע וועללען זיך דארט געפינען זאללען זיין זיכער מיט זייער לעבען, פארמעגען א. ז. וו. חוץ דעם איז זייער ציעל, ווי מיר האבען אויבען געזאגט, אז יודען זאללען האבען א שטיקל אייגענע פלאץ וואו צו אנטלויפען חלילה אין א באזע שעה... היינט ווי אזוי קאנן מען ביי אזא מין ערהאבענע אידעע ווי צו קאלאניזירען ארץ ישראל, מאכען דאס פאר א ישוב, ווי אזוי שטעהט מען ביי אזא נאך פון ווייטענס? נאך מעהר וואונדער איז, אז דער געדאנק פון קאלאניזירען ארץ ישראל איז גאר ניט קיין נייער... די חכמי התלמוד האבען נאך, אין נייערע צייטען, פון איהם גערעדט און

בּיי זיי זענען אֲפִילוּ די מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען דָארְט גֶעוואָהנט גֶעוֶועזען אַזוֹי טְהַייעֶר אַז זַיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט*): „בַּיי גָאטט אִיז לִיעבֶּער די קְלֶענְסְטֶע כִּתָּה אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל ווִי עֶס זָאל זַיין דִי סַנְהֶדְרִין הַגְּדוֹלָה אִין חוּץ לָאָרֶץ". אוּנ נָאךְ אִין אַ אַנְדֶער אָרְט זָאגֶען דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד**) . „אַ מֶענְשׁ זָאלל שְׁטֶענְדִיג וָואהנֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אֲפִילוּ אִין אַזַא שְׁטָאדְט וָואס עֶס אִיז דָא וֶוענִיג יוּדֶען; אוּנ דֶער וָואס וָואהנט אִין חוּץ לָאָרֶץ אִיז גְלַייךְ ווִי עֶר הָאט גָאר קֵיין גָאטט נִיט". אוֹיךְ בַּיי הִלֵּל'ן זֶענֶען גֶעוֶועזען טְהַייעֶר דֶער יִשּׁוּב פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ דִי מֶענְשֶׁען, ווִי מִיר זֶעהֶען אַרוֹיס אוֹיף אַ סַךְ אָרְטֶער, אִין זַיינֶע פְּלוּגְתּוֹת מִיט שַׁמַאי'ן.

אוּנ ווִי אַזוֹי צוּקוּמֶען דֶערצוּ, ד"ה אַוֶועק צוּ קוֹיפֶען פַּאלֶעסְטִינַא אוּנ אִיהר צוּ קָאלָאנִיזִירֶען, הָאבֶּען דִי צִיוֹנִיסְטֶען גֶעגְרִינְדֶעט אַ יוּדִישֶׁע־קָאלָאנְיַאל־בַּאנק וֶועלְכֶע הָאט דֶעם צִיעל צוּ פֶערבְּרֵייטֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דֶעם הַאנְדֶעל, מִיטהֶעלְפֶען צוּ גְרִינְדֶען דֶערוַוייל דָארְט קָאלָאנְיֶעס, פַאבְּרִיקֶען, זַאוָואדֶען אוּנ דָאס אַלְלֶעס דוּרְךְ יוּדֶען אוּנ פוּן יוּדֶען'ס וֶועגֶען, ד"ה גֶעבֶּען דֶעם יוּדֶען אַ שְׁטִיקֶעלֶע פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד, עֶר זָאלל נִיט לֶעבֶּען פוּן קֵיין ווִינדִי־גֶע פַּרְנָסוֹת, מֶען זָאלל זֶעהֶן אַז דֶער יוּד קָאן אָהן עֶקְסְפְּלָאאַטַאצְיֶע זִיךְ אוֹיךְ בֶּעגֶעהן, נִיט אַזוֹי ווִי דִי אַנְטִיסֶעמִיטֶען זָאגֶען אוּנ שְׁרַייֶען אִין אַיין קוֹל: „אַז דֶער יוּד, ווִי וַוייט גוּט עֶס זָאלל אִיהם זַיין, מוּז עֶר זַיין אַ עֶקְסְפְּלָאאַטַאטָאר". דִי צִיוֹנִיסְטֶען בֶּעמִיהֶען זִיךְ אוֹיךְ צוּ פֶערבְּרֵייטֶען צְווִישֶׁען אַללֶע קְלַאססֶען פוּן יוּדִישֶׁען פָאלְק, אוּנזֶער אַלְטֶע הֵיילִיגֶע שְׁפְּרַאכֶע, אוּנזֶערֶע אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע הִיסְטָארְיֶע, בִּכְדֵי צוּ עֶרהוֹיבֶּען דֶעם גֶעפַאללֶענֶעם אָבְּגֶעשְׁוַואכְטֶען נַאצְיָאנַאל גֶעפִיהל... אַנְדֶערֶע בֶּעמִיהֶען זִיךְ צוּ גְרִינְדֶען חֶבְרוֹת ש"ס בִּכְדֵי גֶאהנְטֶער צוּ וֶוערֶען צוּם יוּדִישֶׁען דַת, בֶּעקַאנְט צוּ וֶוערֶען מִיט דִי יוּדִישֶׁע חֲכָמִים, אוּמצוּקֶעהרֶען צוּ אוּנְז דֶעם יוּנְגֶען דוֹר וֶועלְכֶער אִיז זֶעהר וַוייט אָבְּגֶעשְׁטַאנֶען פוּן יוּדִישְׁקַייט, אַרַיינ־צוּזֶעצֶען אִין זַיי אַ יוּדִישׁ הַארץ זַיי זָאלְלֶען ווִיסֶען וָואס מִיר

*) (ירושלמי סנהדרין פרק ה׳ הלכה ג) אמר הקב"ה: ביותר הם עלי זקני הגולה, חביבה עלי כת קטנה שבארץ ישראל יותר מסנהדרין גדולה שבחוצה לארץ.

**) (כתובות ק"ו ע"ב) לעולם ידור אדם בארץ ישראל אפילו בעיר שרובה נכרים וכו׳, וכל הדר בחו"ל דומה כמי שאין לו אלוה.

זָענֶען אַמָאל גֶעוועזֶען אונ פִיהלֶען ווִי אַזוי אונ וָאס מִיר זֶענֶען איצונד... כְּדֵי זֵיי זָאללֶען אויך שְׁטְרֶעבֶּען מִיט אַלֶלֶע מֶעגְלִיכְקַייטֶען מִיטהֶעלְפֶען אויסצופִיהרֶען דָאס וָואס דִי צִיוֹנִיסְטֶען נֶעהמֶען זִיךְ פָאר, נָאךְ אַנְדֶערֶע בֶּעמִיעהֶען זִיךְ צוּ פֶערבֶּעססֶערן, מִיט וָואס מֶעגְלִיךְ אִיז, דִי לַאגֶע פוּן אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע בְּרִידֶער, אוּמֶעדוּם וואו זֵיי זֶענֶען צוּזֵייעט אונ צוּשְׁפְּרֵייט. הֵן אֵין רוּחְנִיוֹת הֵן אִי גַּשְׁמִיוֹת.

אָט דָאס אִיז אַללֶעס וָואס עֶס ווילל דָאס „צִיוֹנִיזְמוּס", אונ דֶערצוּ אִיז גֶעטהִיג אַ עֶרנְסְטֶען רָצוֹן פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלק אַז אַלֶלֶע סֶעקְטֶעס אונ כִּתּוֹת וָואס זֶענֶען פַארהַאן בַּיי אוּנְז יוּדֶען זָאללֶען אַלֶלֶע ווֶערֶען אֵיינס אונ אַלֶלֶע אִין אֵיינֶעם, ווִי אֵיין מֶענש זָאללֶען שְׁטְרֶעבֶּען אונ מִיטהֶעלפֶען אַרויסצופִיהרֶען דֶעם גֶעדַאנק מִכֹּחַ אֶל הַפּוֹעַל, יֶעדֶער מִיט וָואס עֶר קָאנן נוּר...

---

# ה.

נוּא לסוֹף, ווִי מִיר הָאבֶּען שוֹין אוֹיבֶּען גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהֶען נָאךְ אַ סַךְ, גָאר אַסךְ פוּן אוּנְזֶערֶע יוּדֶען, גָאר פוּן ווַייטֶענס; אַ טְהֵייל בֶּעטרַאכטֶען גָאר דִי צִיוֹנִיסְטֶען ווִי מִיסְיָאנֶערֶען ווֶעלְכֶע ווִילֶען חָרוּב מַאכֶען דֶעם גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען דַת אונ אַרְבַּייטֶען מִיט אַלֶלֶע קְרֶאפְטֶען, ווִי ווייט נוּר זֵיי קָאנֶען, צוּשְׁטֶערֶען עֶטְלִיכֶע צִיוֹנִיסְטִישֶׁע חֶבְרוֹת.

„מְהָרְסַיִךְ וּמַחֲרִיבַיִךְ מִמֵּךְ יֵצֵאוּ" (דַיינֶע צוּשְׁטֶערֶער אונ דַיינֶע פֶערווִיסְטֶער קוּמֶען פוּן דִיר זֶעלבְּסְט אַרוֹיס), דִי דָאזִיגֶע וַוארֶעמֶע פַּאטְרְיָאטִישֶׁע ווֶארְטֶער ווֶעלְכֶע דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט מִיט דְרִיטהַאלְבֶּען טוֹיזֶענְד יָאהר צוּרִיקק זֶעהֶען מִיר לֵיידֶער נָאךְ הַיינט אַרוֹיס, אונ אַמְמֵייסְטֶענס וואוּ עֶס הַאלט בַּיי אַ פֶערבֶּעססֶערוּנְג פוּן דִי יוּדִישֶׁע לַאגֶע ווֶענן מִיר זָאללֶען מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען בֶּעטרַאכטֶען דִי אַלֶלֶע יוּדִישֶׁע צָרוֹת וָואס מִיר הָאבֶּען אִיבֶּערגֶעלִיטֶען אונ לַיידֶען נָאךְ יֶעצְט, אוּנזֶער אֵייבִּיגַע נָע וָנָד זַיין, פוּן אֵיין צָרָה אַרוֹיס אִין דִי אַנְדֶערֶע אַרַיין, בֶּעגֶעגְנֶען מִיר מֵיינְסְטֶענס אַז מִיר לַיידֶען פוּן אוּנזֶערֶע בְּרִידֶער אַלֵיין, פוּן אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע ווֶעלְכֶע פֶערְאִימְמֶערן אוּנְז דָאס לֶעבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע טְהַאטֶען אונ מִיט זֵייעֶרֶע פִיהְרֶעכְצֶען, אונ זֵיי דֶערשְׁלָאגֶען דֶעם קְרַאנְקֶען

ישְׂרְאֵלִיקְען, ער זָאל שוין גָאר נִיט קאָננְען רידְרֶען אֲפִילוּ מִיט איין אייניצינְען אֵבֶר ווֶעלכֶען מֶען האָט איהם, אוים פֶערזֶעהֶענִיש, איבֶּערגֶעלָאזט. מיר בֶּעגֶעגְענְען פִיעל מָאל אִין די יוּדִישֶׁע היסטָארְיֶע, אַז ווֶענן עֶטְלִיכֶע גֶעצֶאהלְטֶע מֶענְשֶׁען אִיז איינגֶעפַאללֶען אַ גֶעדַאנְק ווִי אַזוֹי אויסצוּבֶּעסֶערן די יוּדִישֶׁע שְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע אוּנ מֶען האָט נוּר אָנגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן.. האָבֶּען זיך תֵּיכֶף גֶעפוּנֶען אַזֶעלכֶע מֶענְשֶׁען, אייגֶענֶע, ווֶעלכֶע האָבֶּען זיך בֶּעמִיהט מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכֶ־קייטֶען צוּצוּשְׁטֶערֶען דֶעם פְּלַאן פוּן פֶערבֶּעסֶערוּנג. עֶס שְׁפְּרִינְגֶען אַרוֹים פוּן די יוּדֶען אַלֵיין צוּשְׁטֶערֶער אוּנ פֶערְווִיסְטֶער.

דָאס אייגֶענֶע זֶעהֶען מיר אוֹיךְ אַרוים יֶעצְט בַּיי די איצטִיגֶע צייט מִיט דָאס „צִיוֹנִיזְמוּס". מִיר זָאללֶען ווֶאללֶען בֶּעשְׁרֵייבֶּען די אַלֶע גֶעגְנֶערס פוּן דֶעם צִיוֹנִיזְמוּס, ד"ה אַללֶע יוּדִישֶׁע אַנְטִי־צִיוֹנִיסְטֶען ווֶעלכֶע שְׁטֶעללֶען זיך גֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען גֶעדַאנְק, פוּן קיין קְרִיסְטְלִיכֶע רֶעדֶען מִיר גָאר נִיט, אִין גֶעגֶענְטְהֵייל, עֶס אִיז פַארהַאן אַ סַךְ פוּן די גֶעבִּילְדֶעטֶע קְרִיסְטֶען ווֶעלכֶע האַלְטֶען פוּן דֶעם צִיוֹנִיזְמוּס גָאר אוֹיף דֶעם בֶּעסְטֶען אוֹפֶן, אַ סַךְ שֶׁאנֶער אוּנ בֶּעססֶער פוּן אוּנזֶערֶע כְּלֵי קֹדֶשׁ, פוּן אוּנזֶערֶע שֶׁאנֶע יוּדֶען ווֶעלכֶע בֶּעטֶען דְרֵיי מָאל אִין טָאג „וְלִירוּשָׁלַיִם עִירְךָ בְּרַחֲמִים תָּשׁוּב" (אוּנ פַארגְלָאטצֶען נָאךְ דֶערצוּ מִיט די אוֹיגֶען)... מִיר זָאללֶען ווֶאללֶען בֶּעשְׁרֵייבֶּען די יוּדִישֶׁע אַנְטִי־צִיוֹנִיסְטֶען ווָאלט נִיט גֶעסְטַייעֶט נָאךְ אַמָאל אַזַא מִין בְּרָאשׁוּרֶע. פֶערשִׁיעדֶענֶע קְלַאססֶען פוּן די יוּדֶען שְׁטֶעללֶען זיך גֶעגֶען דָאס צִיוֹנִיזְמוּס, יֶעדֶער מִיט זַיין סְבָרָא אוּנ אַללֶע בֶּעמִיהֶען זיךְ מִיט אַללֶע מֶעגְלִיכְקִייטֶען נִיט צוּ דֶערלָאזֶען, וואו עֶס אִיז, צוּ גְרִינְדֶען צִיוֹנִיסְטִישֶׁע גֶעזֶעללשַׁאפְטֶען אוּנ דָארְטֶען וואו עֶס האָט זיך יָא אַ ר ײ נ ג ע ח א פּ ט אַ בִּיסֶעלֶע פוּן צִיוֹנִיזְמוּס (ווִיי אִיז צוּ די יָאהר אַז צִיוֹן דַארְף זיך אַרייַנְחַאפֶּען), בֶּעמִיהט מֶען זיךְ אוּנ מֶען סְטַארֶעט זיךְ דָאס אוֹיסצוּווָארְצְלֶען. אוּנ אַממֵיינְס־טֶענס ווֶער? אוּנזֶערֶע שֶׁאנֶע יוּדֶען! די ווָאהל־לֶערְנֶערס, די מַנְהִיגֵי הַדוֹר! פוּן די אַסִימִילַאטָארֶען רֶעדֶען מִיר גָאר נִיט אוּנ עֶס קִימְמֶערט אוּנז גָאר ווֶעניג פוּן זַייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, דֶענְן בַּיי זַיי האָט שוֹין גָאר לַאנג זיךְ אויסגֶעוועפּט דָאס בִּיסֶעלֶע יוּדִישְׁקֵייט מִיט די נַאצְיָאנַאלֶע גֶעפִיהְלֶען. אַוֶועק נַאצְיָאנַאלְנָאסט! אַוֶועק צִיוֹנִיזְמוּס! עֶר ווִילל גָאר אַסִימִילַאצְיָאן! אָכְּוָואהל דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטַיין: דֶעם עֶרְשְׁטֶען קְלַאפּ פוּן די פָּאגְרָאמֶען האָט עֶר גֶעחַאפּט; נוּר ווָאס

גֶעהָער זִיךְ אָן אֵיינֶם צוּ׳ם צְוֵוייטֶען? עֶס לֶעבְּט דִי צִיווִילִיזַאצְיָאן! עָר שְׁרַייט: אַוֶועק צִיוֹנִיזְמוּס!

אָבֶּער פַאר וָואס זָאלֶלען אַ שְׁטֵייגֶער אָט דִי רַבָּנִים, דִי פְרוּמֶע יוּדֶען אוּנ טַאקִי אַללֶע קְלֵיין שְׁבֶּאדטֶעלְדִיגֶע כְּלֵי קֹדֶשׁ אוֹיךְ, פַאר וָואס זָאללֶען זַיי שְׁטֶעהְן פוּן וַוייטֶען? אוּנ נִיט נוּר וָואס זַיי הֶעלפֶען נִישְׁט נוּר זַיי מַאכֶען נָאךְ קַאלְיֶע אוֹיךְ, דֶענְן זַייעֶרֶע קִינְדֶער, דֶעם יוּנְגֶען דוֹר לָאזֶען זַיי נִיט קוּמֶען, אֲפִילוּ זִיךְ נִיט אַרוּמקוּקֶען, אִין דִי גֶעזֶעללשַׁאפטֶען פוּן דִי צִיוֹנִיסְטֶען. פַאר וָואס זָאלל בַּיי זַיי זַיין אַ צִיוֹנִיסְט, ד״ה דֶער יוּד וָואס הָאט לִיעבּ זַיין לַאנְג-פֶערלָאזְטֶע-הֵיים צִיוֹן, אֶרְגֶער פוּן וֵויים אִיךְ וָואס?

פְרוּבְּט פְרֶעגְט זַיי אַשְׁטֵייגֶער: פַאר וָואס זֶענט אִיהר אַזֶעלְכֶע פַיינְד דִי צִיוֹנִיסְטֶען? וֶועט זַיין דָאס עֶרשְׁטֶע וָוארט זַייעֶרס: „דֶערפַאר וָואס אִיהר צִיוֹנִיסְטֶען זֶענט מְעַכֵּב דִי גְאוּלָה! אִיהר דֶערלָאזְט נִיט דֶעם אֶמֶת׳ן מָשִׁיחַ צוּ קוּמֶען! יוּדֶען קֶאנֶנֶען נִיט אַזוֹי אוֹיס-גֶעלֵייזְט וֶוערֶען, יוּדֶען דַארְפֶען אוֹיסגֶעלֵייזְט וֶוערן נָאר אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אוֹפֶן... מִיט נִסִּים, אַזוֹי וִוי זַיי זֶענֶען אוֹיסגֶעלֵייזְט גֶעוָוארֶען פוּן מִצְרַיִם״...

---

## ז.

נוּא גֶעהט טַעֲנֶה׳ט מִיט זַיי, אַז זַיי הָאבֶּען זִיךְ פָּארט אַרַייטגֶענוּמֶען אַ אַיינְרֶעדֶענִישׁ אִין קָאפּ אַרַיין, אַז יוּדֶען דַארְפֶען אוֹיסגֶעלֵייזְט וֶוערֶען נוּר דוּרךְ נִסִּים; אַז מָשִׁיחַ וֶועט זִיךְ בֶּעוַוייזֶען אוֹיף דֶעם וַוייסֶען ,עזֶעל, דַאנְן וֶועט מֶען מֶעגֶען אָנְהוֹיבֶּען צוּ טְרַאכְטֶען וֶועגֶען צִיוֹן אוּנ פְרִיהֶער נִיט... זַיי הָאבֶּען אָבֶּער פֶערגֶעסֶען וָואס אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט: „אַז פְרִיהֶער וֶועללֶען דִי יוּדֶען קוּממֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל בֶּעאַרְבֵּייטֶען דִי ,ערד אוּנ נָאכְהֶער וֶועט קוּמֶען מָשִׁיחַ״; זַיי הָאבֶּען אוֹיךְ פֶערגֶעסֶען אַז פוּן בָּבֶל זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף זַייעֶר לַאנְד אָהן נִסִּים אוּנ אָהן וואוּנְדֶער, נוּר דוּרךְ זְרֻבָּבֶל אוּנ נְחֶמְיָה בֶּן חֲכַלְיָא אִין וֶועלְכֶע עֶס אִיז אַרַיין דֶער גֶעדַאנְק פוּן אוּמְקֶעהרֶען זִיךְ צוּרִיק אוֹיף דֶעם אֵייגֶענֶעם לַאנְד, אוּנ אַ סַךְ יוּדֶען הָאבֶּען זַיי מִיטגֶעהָאלְפֶען מִיט אַלְלֶעם וָואס זַיי הָאבֶּען נוּר גֶעקָאנְנְט...

אוֹיךְ יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט שְׁלָאגֶען מִיט דִיא ווִילְדֶע פָאלְקֶער אֵיידֶער ,עֶר הָאט דָאס לַאנְד אֵיינְגֶענוּמֶען אוּנ ,עֶר

האָט נאָר נִיט פֶערלַאנגט אַז דָאס לַאנד זָאלל צו אִיהם אַביינ־
פַאללֶען אִין דִי הֶאנד מִיט הוּילֶע נִסִים . . .

וֶוענן מִיר וֶועללֶיין בֶּעטְרַאכְטֶען דִיא גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע גֶעשִׁיכטֶע
וֶועללֶען מִיר זֶעהן אוּנ זִיךְ אִיבֶּערצַיינֶען אַז בַּיי דֶעם פֶערבֶּעסֶערוּנג
פוּן אוּנְזֶער לַאגֶע הָאבֶּען מִיר גֶעלֶעבּט נִיט נוּר פוּן הוּילֶע נִסִים . . .

וֶוענן דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶוען אִין אַ צָרָה, דִי יְסוּדִים זֶענֶען
גֶעוֶוען אִיבֶּער'ן הַאלְז, אוּנ זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָואלְט אַרוּיסצִיהֶען
פוּן זַיי, הָאבֶּען זַיי גֶעהַאט גוּטֶע אוּנ רֶעכְטֶע פִיהרֶערס מִיט וֶועלכֶע
אַללֶע הָאבֶּען מִיטגֶעשְׁטִימְמט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען דֶעם
גֶעדַאנְק מִיט לַייב אוּנ לֶעבֶּען דאנן זֶענֶען זַיי גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען;
קוּים אִיז דָאס אַללֶעס בַּיי זַיי אָבֶּער נִיט גֶעוֶועזֶען זֶענֶען זַיי גֶעבְּלִיבֶּען
הֶעכסְט אוּמגְלִיקְלִיךְ. אֵיין מָאל הָאט גָאטט אַרוּיסגֶעשְׁלֶעפְּט דִי
יוּדִין פוּן גָלוּת מִיט נִסִים, אָבֶּער דָאס אִיז נוּר דַאמָאלס גֶעוֶועזֶען
פוּן מִצְרַיִם, וַוייל זֵיי הָאבֶּען נָ־ךְ וֶועניג גֶעוואוּסְט פוּן גָאטט,
דַארוּם הָאט עֶר זֵיי גֶעוִויעזֶען זַיינֶע נִסִים אוּנ וואוּנְדֶער כְּדֵי זֵיי
זָאללֶען אִיהם עֶרְקֶאנֶנען, וַוייטֶער אָבֶּער וִויל גָאטט מִיט אוּנז קֵיין
נִסִים חוּץ לְדֶרֶךְ הַטֶבַע נִיט טְהוּן עֶר זָאגְט נוּר „וּבֵרַכְךָ בְּכֹל אֲשֶׁר
תַּעֲשֶׂה" עֶר: וֶועט דִיר בֶּענְשֶׁען אִין אַללֶעס וָואס דוּ וֶועסְט טְ ה וּ ן,
אָבֶּער טְהוּן מוּז מֶען גוייניגסְטֶענס . . .

---

## ז.

נוּר נִיט אִיךְ בִּין דֶער עֶרשְׁטֶער אוּיף דִי אַללֶע אוּיבֶּענבֶּע־
שְׁרִיבֶּענֶע טַעֲנוֹת; גֶענוּג טִינְט אִיז אוּיסגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען, גֶענוּג
פֶעדֶערן זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען אוּנ עֶס הֶעלְפְט טַאקִי, וִוי מֶען
זָאגְט, וִוי אַ אַרְבֶּעס אִין וַואנְט . . . דָאס הֶערְץ וֶוערדט צוּפְּלַאצט
קוּקֶענְדִיג אוּיף דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק וִוי נִיעדְרִיג עֶר אִיז הַיינְט גֶע־
וָוארֶען, זֶעהֶענדִיג דֶעם גְרוֹיסֶען אוּנטֶערשִׁיעד פוּן דִי אַמָאלִיגֶע יוּדֶען
בִּיז אִין דִי הַיינטִיגֶע; נִישְׁטָא הַיינט אַזוֹינֶע הַייסֶע נַאצִיאַנַאלִיסְטֶען
אוּנ אַזֶעלְכֶע יוּדִישֶׁע פַּאטְרְיָאטֶען וִוי ר' יְהוּדָה הַלֵוִי, דון יִצְחָק
אַבַּרְבַּנְאֵל אוּנ נָאךְ! גִיטָא אוּנטֶער יוּדֶען דָאס אַמָאלִיגֶע אַחֲדוּת
אִין אַצָרָה, דֶער אַמָאלִיגֶער פֶעסְטֶער הָאפפְנוּנג אוּיף דֶעם יוּדִישֶׁען
קִיוּם הָאוּמָה, נִישְׁטָא דָאס אַללֶעס! נִישְׁטָא! הַיינט אִיז אַדוּר אָהן
אַשְׁטִיקֶל נַאצִיאַנַאל־גֶעפִיהל! יוּדֶען וִוילְלֶען נִיט וִויכְּטֶען פוּן זַייַער

